# די ראָלע פון אנארכיזמוס

אין

דער סאָציאַליסטישער ענטוויקלונג

א רעדע פון

# פ. כראפאטקין

ארויסגעגעבען פון דער גרופע
„פרייע געזעלשאפט"

וויניפעג, 1טען יולי, 1914.



פרייז 5 סענט

THE ISRAELITE JOB DEPT.

# די ראלע פון אנארכיזמוס

## אין

## דער סאציאליסטישער ענטוויקלונג

א רעדע פון

## פ. קראפאטקין

ארויסגעגעבען פון דער גרופּע
„פרייע געזעלשאפט"

וויניפעג, 1טען יולי, 1914.

פרייז 5 סענט

ליעבע פריינדע! איהר האט זיך אודאי שוין געשטעלט די פראגע וועגען דער עקזיסטענץ בערעכטיגונג פונ׳ם אנארכיזמוס. צו וואס דארף מען גרינדען נאָך א שולע, נאָך א ריכטונג — דעם אנארכיזמוס, ווען עס עקזיסטירען שוין אזוי פיעל סאציאליסטישע שולען און פארטייען? אט דיזע פראגע וועל איך פערזוכען צו פערענטפערען אין מיין היינטיגער רעדע. און אום צו פערלייכטערען מיין ענטפער, וועט איהר מיר ערלויבען אנצופאנגען מיין פארטראג מיט א קורצען איבערבליק איבער די אידעען אם ענדע פון 18טען יאהר הונדערט.

מיר אלע זיינען בעקאנט מיט די וויכטיגסטע און כאראקטעריסטישע ערשיינונגען פון יענער עפאכע. די גרויסארטיגע מאניפעסטאציע פונם מענשליכען געדאנק; די וואונדערבארע ענטוויקלונג פון די נאטור וויסנשאפטען; די אונבארמהערציגע קריטיק פון די אלטע פאראורטהיילע; די ערשטע פערזוכע צו שאפען א פעסטען וויסענשאפטליכען פונדאמענט פאר די ערקלעהרונג און ערקענטניס פון דער נאטור דורך פארשונג, ערפאהרונג און פערנונפט. — און פון דער צווייטער זייט די קריטיק פון די פאליטישע אינסטיטוציאנען, וועלכע די פערגאנגענע יאהרהונדערטע האָבען אונז איבערגעלאזט בירושה; דער שטרעבען צו דעם אידעאל פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט, וועלכער איז אין אלע צייטען געווען דער אמת׳ער אידעאל פון די מאסען.

צוליעב דעם דעספאטיזמוס און דעם קליין גייסטיגען עגאיזמוס פון די פריווילעגירטע קלאסען איז דיזע בעוועגונג ניט אומשטאנדע געווען זיך פריי צו ענטוויקלען; אבער געפינענדיג א שטארקע שטיצע אין דער אלגעמיינער אונצופרידענהייט און אין די צאהלרייכע אויפשטענדע פון די מאסען, האָט דיזע בעוועגונג צולעצט ארויסגערופען די גרויסע רעוואלוציאן און זיך דורכגעבראכען א וועג דורך אלע אינערליכע און אויסערליכע שוועריגקייטען.

די רעוואָלוציאָן איז בעזיעגט געוואָרען; אבער איהרע אידעען האבען געלעבט ווייטער. מען האָט דיזע אידעען פערפאָלגט און פערלוימדעט, נאָר זיי האָבען טראָץ דעם פערנומען דעם ערשטען פּלאַץ אין דער ענטוויקלונג פון א גאנצען יאהר־הונדערט. די גאנצע געשיכטע פון'ם 19טען יאהר־הונדערט איז אייגענטליך ניט מעהר ווי א פערזוך צו פּראקטיצירען דיזע אידעען, וועלכע זיינען געבאָרען געוואָרען אם ענדע פון'ם 18טען יאהר־הונדערט. דאס איז געווען דער רעזולטאט פון אלע רעוואָלוציעס. זיי זיינען בעזיעגט געוואָרען, נאָר פון דעסטוועגען האָבען זייערע אידעען בעשטימט דעם כאראקטער פון דער שפּעטערער ענטוויקלונג.

אין דער פּאָליטישער אָרדנונג האָבען דיזע אידעען געפונען זייער אויסדרוק אין דער אבשאפונג פון די אריסטאקראטישע פּריווילעגיעס, אין דער פערניכטונג פון דער זעלבסטהערשונג און אין דער טהעאָריע — אז פאר דעם געזעץ זיינען אלע מענשען גלייך. אויף דעם עקאָנאָמישען געביעט האָט די רעוואָלוציאָן פּראָקלאמירט די פרייע קאָנקורענץ פון די ווירטשאפטליכע קרעפטע. „אלע מענשען, וועלכע לעבען אויף א געוויסען שטיק לאנד, האָבען דאס רעכט פריי צו קויפען און צו פערקויפען. פערקויפט אייערע פּראָדוקטע, אויב איהר זייט אימשטאנדע צו פּראָדוצירען, און אויב איהר קענט עס ניט, דערפאר ווייל עס פעהלען אייך די רוי־שטאָפען און די מאשינען, אויב איהר האָט ניט מעהר ווי די קראפט פון אייערע הענד, דאן פערקויפט אייער ארבייטס־קראפט צום העכסטען פּרייז, וועלכען איהר קענט בעקומען. דער שטאאט וועט זיך ניט אריינמישען אין אייערע אנגעלעגענהייטען! איהר דארפט אנפיהרען א קאמפף איינער מיט דעם צווייטען! קיינע פּריווילעגיעס מעהר פאר קיינעם ניט! די נאטירליכע אויסוואהל וועט אליין ענטשיידען — די וואס וועלען זיך ניט קענען ארויפארבייטען אויף די העכסטע שטופע פון דעם אינדוסטריעלען פּראָגרעס, וועלען אונטערגעהן, און די שטארקע וועלען זיעגען."

דאס איז די טהעאָריע פון יענער רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט בעגרינדעט די הערשאפט פון דער בורזשואזיע. און ווען דער שטאאט וויל זיך יא אריינמישען אין דיזע געגענזייטיגע קאָנקורענץ, ווען ער וויל בעגינסטיגען דעם איינעם און אונטערדריקען דעם צווייטען — און מיר האָבען עס

געזעהן אין דער לעצטער צייט, ווען מען האָט אזוי פיעל דיסקוטירט איבער די מאָנאָפּאָלען פון די אייזענבאהן־געזעלשאפטען און די קאמפּאניס פון די מינען בעזיצער — דאן שרייען די אנהיינגער פון דער ליבעראלער שולע, אז דאס איז אן אטאקע אויף די גרויסע פּרינציפּען פון דער רעוואלוציאן, א פעהלער, וועלכען מען דארף באלד פערריכטען.

און דער רעזולטאט? איהר ווייסט איהם לײדער נאָר צו גוט, ליעבע פריינדע. פון איין זייט רייכטהום און איבערפלוס פאר אייניגע ליידיגגע־הער, פון דער צווייטער זייט די שטענדיגע עקאָנאָמישע אונזיכערהייט און נויט און עלענד פאר די גרויסע מאיאָריטעט פון דער מענשהייט. די ווירט־שאפליכע קריזיסען, די שטענדיגע מלחמות פאר די בעהערשונג פון׳ם וועלט מארק, די וואהנזיניגע אויסגאבען פון די שטאאטען, אום צו פערזיכערען דעם פערקויף פון די פאבריקאנטען.

פּראקלאמירענדיג די פרייע קאָנקורענץ האָבען אונזערע עלטערען פער נאכלעסיגט זעהר א וויכטיגען פּונקט. מ׳קען ניט בעהויפּטען, אז זיי האבען ניט פערשטאנען דיזען פּונקט; די מייסטע פון זיי האָבען איהם דערמאָנט אין זייערע ווינשע, נאָר זיי האָבען ניט געהאט דעם מוטה איהם צו רעאליזי־רען. ווען זיי האבען פּראקלאמירט די פרייע קאנקורענץ, ד. ה. דעם שטענ־דיגען קאמפּף צווישען אלע מיטגליעדער אין דער געזעלשאפט, האבען זיי פערגעסען פריהער צו שאפען די גלייכע עקאָנאָמישע בעדינגונגען פאר אלע־מען, אום די שטארקע, די וואס האָבען בעקומען בירושה גרויסע פערמע־גענס פון זייערע עלטערען, זאלען ניט קענען בעזיעגען די שוואכע. די פאל־גע איז געווען, אז די מיליאנען ארעמע, וועלכע זיינען אונטערוואַרפען צו אייניגע רייכע פאראזיטען אין דער היינטיגער געזעלשאפט, זיינען נויט־ווענדיגערווייזע פערדאמט געווארען צום אונטערגאנג.

*

* *

ליבע פריינדע! איהר האָט זיך אודאי שוין געשטעלט די פראגע: פון וואנען נעהמען זיך די גרויסע פערמעגענס פון די רייכע?" — זיינען זיי אפשר די פּרוכט פון זייער ארבייט? צו בעהויפּטען אזא זאך, וואלט גע־ווים געווען די גרעסטע לעכערליכקייט. ווען מיר זאלען זאגאר אננעהמען,

אז ראטהשילד זאל אפילו געווען ארבייטען זיין גאנצען לעבען; אבער איהר אלע, וואס זייט פערזאמעלט אין דיזען זאל, האט אויך געארבייט. ווי אזוי קומט עס, פרעג איך אייך, אז ראטהשילד זאל בעזיצען א פערמעגען פון עטליכע הונדערט מיליאן און איהר אליין בעזיצט קיין זאך ניט?

דער ענטפער אויף דיזע פראגע איז זעהר לייכט: דאס וואס איהר בעזיצט, איז די פרוכט פון אייער אייגענער ארבייט, אדער בעסער געזאגט נאָר א טהייל פון אייער ארבייט; און דאס וואס ראטשילד בעזיצט, איז די פרוכט פון פרעמדע ארבייט, וועלכע ער האָט צוגענומען פון די אנדערע.

„אבער ווי אזוי קומט עס" — וועט איהר פרעגען — „דאס עס געפינען זיך מיליאנען מענשען אין דער וועלט, וועלכע לאזען זיך רוהיג אוועקרויבען פון די ראטשהילדס און וואנדערבילס די פרוכט פון זייער ארבייט?" אויף דיזע פראגע איז לייכט צו פערענטפערן: עס איז דערפאר וואס זיי קענען זיך ניט אנדערש העלפען, דערפאר וואס זיי זיינען ארעם און עלענד.

שטעלט זיך פאר א שטאדט פון מענשען, וואו אלע איינוואוינער בעשעפטיגען זיך אויסשליסליך מיט דער פראדוקציאן פון ניצליכע און נויטווענדיגע זאכען, און וואו אלע זיינען פערזיכערט מיט וואוינונג, נאהרונג און קליידונג; אין א שעהנעם טאג וועט אנקומען אין דיזער שטאדט א ראטהשילד און וועט מיט בריינגען א פעסעל מיט גאלד. אויב ער וועט אויסגעבען זיין גאלד, וועט דאס פעסעל באלד ליידיג זיין; אויב ער וועט איהם האלטען פערשלאסען, וועט קיין זאך ניט צוקומען, דען גאלד וואקסט ניט ווי די קארטאפעל אויף די פעלדער, און ווען ראטהשילד וועט עפענען דעם פעסעל מיט א יאהר שפעטער, וועט ער דארט ניט געפינען קיין 110 נייע גאלדשטיקער, וועלכע ער האָט פריהער ניט ארייגעלעגט. אפשר וועט ער בעזוכען א פאבריק און פארשלאגען די ארבייטער, אז ער וועט זיי געבען פינף פראנק א טאג, און זיי זאלען איהם דערפאר שאפען פאר צעהן פראנק פראדוקטען. איהר מעגט זיין זיכער, אז די איינוואהנער פון דיזער שטאדט וועלען זיך אויסלאכען פון זיין פארשלאג, אז זיי וועלען איהם ענטפערען: „מיין ליבער הערר, ביי אונז וועט איהר ניט געפינען קיין איינציגען, וועלכער זאל וועלען ארבייטען אונטער אזעלכע בעדינגונגען. געהט שוין ווייטער

ביז וואנען איהר וועט געפינען א שטאדט פון ארעמע און עלענדע, וועלכע זיינען ניט זיכער מיט זייער ברויט, זייער וואוינונג און זייער קליידונג, זיי וועלען אייך אוועקגעבען דעם הויפט־טהייל פון זייער ארבייט, אום איהר זאלט זיי געבען אויף ברויט. אהין מוזט איהר געהן, מיין הערר, דארט וואו די מענשען שטארבען פון הונגער, דארטען וועט איהר קענען מאכען אייער גליק!“ — איין ווארט: אייער עלענד איז דער פונדאמענט פאר דעם פערמעגען פון די רייכע. אויב עס וועט מעהר ניט געבען קיין הונגער־ליידער, וועט איהר מעהר ניט האָבען קיין מיליאנערען.

*

* *

דאס איז די אורזאכע, ווארום די רעוואלוציאן איז ניט אומשטאנדע געווען דורכצופיהרען איהר פרינציפּ פון דער פרייער קאָנקורענץ. זי האָט די געוועזענע לייבאייגענע, די הונגער־ליידער, די בארפיסיגע אנקעגענגעשטעלט די בעזיצער פון די פערמעגענס און האט געזאגט צו זיי: קעמפּפט! איהר זייט פריי! און די ארימע און עלענדע זיינען בעזיעגט געווארען. קיין פערמעגען האָבען זיי ניט געהאט, נאָר איין זאך האָבען זיי יא געהאט, וועלכע איז קאסטבארער פון אלעם געלד אין דער וועלט — די קראפט פון זייערע הענד. און דיזע הענד, דיזע קוועלע פון אלע רייכטהימער האָבען זיי געמוזט פערקויפען צו די רייכע. — אט אזוי זיינען ענטשטאנדען יענע אונגעהייערע פערמעגענס, וועלכע כאראקטעריזירען אונזער יאהרהונדערט. א קעניג פון דעם פערגאנגענעם יאהר־הונדערט, „דער גרויסער לואי דער 14טער“, ווי די בעצאהלטע היסטאריקער רופען איהם, האָט ער אפילו געוואגט צו טרוימען פון אזא רייכטהום, ווי מיר געפינען אין געגענווערטיג ביי די קעניגע פון׳ם 19טען יאהרהונדערט, די וואנדערבילס און מאקעאיס? — און פון דער אנדערער זייט האָבען מיר געזעהן, ווי די לוין־שקלאפען האָבען געמוזט אוועקגעבען אימער גרעסערע חלקים פון זייער ארבייט צו אנדערע ווי אזוי זיי זיינען פעראורטהיילט געווארען צו ארבייטען טאג איין, טאג אויס, אום צו פערגרעסערען דעם פערמעגען פון די אייגענטהימער.

מען האָט פערזוכט צו פערהינדערען אזא צושטאנד; מען האָט ערקלעהרט: לאמיר אלעמען געבען די גלייכע ערציהונג. און מען האָט אנגע־

פאנגען צו גרינדען שולען פאר דאס פאלק. נאָר וואס איז געווען דער רע־זולטאט? מען האָט אויסגעפיינערט די מוחות, מען האָט געמאכט פון די מענשען דענקענדע מאשינען, נאָר דיזע מענשליכע מאשינען ארבייטען שטענדיג צו פערגרעסערען דעם רייכטהום פון די קאפּיטאליסטען. דער בעדייטענסטער געלעהרטער, דער בעריהמסטער קינסטלער, וואס זיינען זיי אנדערש טראָץ זייער בילדונג טראָץ זייער טאלאנט, אויב ניט די בע־צאהלטע לאסט טהיערע פון די קאפּיטאליסטען? די זאגענאנטע ערציהונג האָט ניט געקענט אבשטעלען די מענשליכע אויסבייטונג, זי האָט נאָר פער־גרעסערט די צאהל פון די אויסגעבייטעטע.

מען האָט געדיינקט צו פערבעסערען דעם יעצטיגען צושטאנד דורך די גרינדונג פון ארבייטער־קארפּאראציאנען, אבער מען האָט באלד איינ־געזעהן, אז די ארבייטער האָבען קיין זאך ניט צו פעראייניגען ווי זייער עלענד, דערפאר וואס זיי האָבען ניט קיין רעכט אויף דאס קאפּיטאל; און פיעלע אנהיינגער פון דיזער אילוזיאן זיינען שפּעטער געקומען צום סאצי־אליזמוס. — זעהענדיג דיזען טרויעריגען צושטאנד, האָט דער סאציאליז־מוס צוערשט אפּעלירט אָן די קריסטליכע מאָראל, אויפשטעלענדיג דעם פּרינציפּ, דאס „א קריסט דארף ניט אויסבייטען זיינע ברידער!" די קא־פּיטאליסטען האָבען זיך שטילערהייט אויסגעלאכט פון דיזען פּרינציפּ, נור אין דער עפענטליכקייט האבען זיי געזאגט צו די פּראפּאגאנדיסטען, זעהר גוט! פּרעדיגט דעם פאלק די קריסטליכע צופרידענהייט, ערקלעהרט זיי אין דעם נאמען פון קריסטוס, אז ווען מען וועט זיי שלאגען אויף דעם לינקען באק, זאלען זיי אונטערהאלטען דעם רעכטען! נאָר זוכט ניט קיינע קאמוניסטישע טענדענצען אין דער קריסטליכער לעהרע, דען זאנסט וועלען מיר אייך געבען צייט צום איבערדיינקען אין אונזערע קערקערס.

שפּעטער האָט דער סאציאליזמוס געשפּראכען אין דעם נאָמען פון דער שטאאטס־מעטאפיזיק. דער שטאאט האָט די אויפגאבע צו שיצען דעם שוואכען געגען דעם שטארקען, האָט מען געזאגט, פאלגליך דארף ער אונז געבען די מיטלען צו גרינדען ארבייטער־קאאפּעראציאנען. דער שטאאט אליין איז אומשטאנדע צו שטיצען די ארבייטער אין זייער קאמפּף געגען

דעם קאפיטאל און זיי צו פערזיכערען די פרוכט פון זייער ארבייט. — אין יוני 1848 האָט די בורזשואזיע געענטפערט מיט ביקסען און קאנאנען אויף דיזע ערקלעהרונג.

ערשט מיט צוואנציג אדער דרייסיג יאהר שפּעטער, ווען די מאסען האָבען זיך פעראייניגט אין דער „אינטערנאציאנאלער ארבייטער־אסאסי־אציאן" האָט דער סאציאליזמוס אנגעפאנגען צו ריידען אין נאָמען פון פאלק. און אויף די קאָנגרעסען פון דער גרויסער ארגאניזאציאן און שפּע־טער ביי איהרע נאכפאלגער האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעארבייט די פאל־גענדע אידעע:

„אלע אנגעקליבענע רייכטהימער זיינען דער פּראדוקט פון דער גע־מיינשאפטליכער ארבייט פון די יעצטיגע און די פערגאנגענע גענעראציא־נען. דיזעס הויז, אין וועלכען מיר זיינען יעצט פעראייניגט, האָט נאָר א ווערטה, דערפאר וואס עס שטעהט אין פאריז; טראנספּארטירט עס נאָך די אייזפעלדער פון סיביריען און עס וועט פערלירען יעדען ווערטה. דיזע מאשי־נע, וועלכע איז ערפונדען און פערבעסערט געווארען דורך די אינטעלי־גענץ פון פינף גענעראציאנען, האט נור א ווערטה אין מיטען דער אינדוסטריע פון אונזער יאהר הונדערט. טראגט איהר אוועק צו די פּאפּואס פון ניי־גינעא און זי האָט מעהר קיין ווערטה ניט. דיזעס בוך, דיזע לאקאמאטיווען, דיזע ווענוס פון מילא און די בילדער פון מורילִיא, דאס אלעס האט נור א ווערטה, ווייל עס געפינט זיך אינערהאלב פון דער ציוויליזירטער געזעלשאפט. און ווייל דיזע ציוויליזאציאן איז געשאפען גע־ווארען פון אלעמען, דערפאר בעלאנגען אויף איהרע פרוכט צו אלעמען. קיין מענש האָט קיין רעכט ניט צו מאָנאָפּאָליזירען דאס לאנד, די מאשי־נען און די סאציאלע רייכטהימער, דען די געמיינשאפטליכקייט פון דער ארבייט פאדערט לאגישערווייזע די געמיינשאפטליכקייט פון דעם גענוס".

„אלעס בעלאנגט צו אלעמען! און ווייל דער מאן און די פרוי טראגען ביי זייער טהייל ארבייט צו דער פּראדוקציאן פון די נויטווענדיגע פּרא־דוקטען, פאלגליך האָבען זיי א רעכט צו פאדערען זייער טהייל פון דעם רייכטהום, וועלכער איז בעשאפען געווארען דורך די געמיינשאפטליכע אר־בייט פון אלעמען."

אבער דאס איז דאך דער קאמוניזמוס? — וועט איהר זאָגען. אמת, עס איז דער קאמוניזמוס; נאָר עס איז אזא מין קאמוניזמוס, וועלכער רעדט ניט מעהר אין נאָמען פון דער רעליגיאן אדער אין נאָמען פון'ם שטאט, זאנדערען אין נאָמען פון'ם פאלק.

זייט די לעצטע 50 יאהר האָט די ארבייטער־קלאסע דורכגעמאכט א געוואלדיגע ענטוויקלונג. די פאראורטהיילען וועגען דער הייליגקייט פון פריוואט־אייגעטהום זיינען פערשוואונדען. דער ארבייטער ווערט וואס ווייטער אלס מעהר געוואוינט צו בעטראכטען די פאבריק, די אייזענבאהן, די מינע ניט אלס די אויסשליסליכע מאָנאָפּאלען פון בעשטימטע הערען, נאָר אלס אינסטיטוציאנען, וועלכע זיינען ניצליך פאר דער אלגעמיינהייט, און פאלגליך קומט ער צום שלוס, דאס אלע האָבען א רעכט צו קאנטראלי־רען און צו פערוואלטען דיזע אינסטיטוציאנען.

די אידעע פון'ם געמיינשאפטליכען אייגענטהום איז ניט געבארען גע־ווארען אין דעם שטודיר־צימער פון ערגעץ א דיינקער, האָט זיך ביסלעכ־ווייז ענטוויקעלט אין די מוחות פון דער ארבייטער־קלאסע. און ווען די רע־וואלוציאן וועט דעסארגאניזירען די מאכט פון די עקספּלאָאטאטארס, וועלען מיר זעהן ווי די גרויסע מאסען וועלען זיך נעמען צו דער סאציאלער עקספּראָפּריאציאן און פּראקלאמירען זייער רעכט אויף די פאבריקען, די אייזענבאהנען און די שיפען.

צוזאמען מיט דעם געפיהל פון פערזענליכער ווירדע און קערפּערליכער אונאבהענגיגקייט, וועלכער האט זיך אזוי שטארק ענטוויקעלט אין דעם צווייטען העלפט פון דעם פערגאנגענעם יאהר הונדערט, האָט זיך אויך ענטוויקעלט די איבערצייגונג אין די מאסען, דאס אלע האָבען א רעכט אויף די פּראדוקציאנס־מיטלען און אויף דעם סאציאלען רייכטהום, וועלכער האָט זיך אנגעקליבען אין די שטעדט און דערפער. דיזער פאקט איז אונבע־שטרייטבאר; און יעדער איינער, וועלכער לעבט ווי מיר צוזאמען מיט דעם פאלק און קוקט זיך אויפמערקזאם צו צו דער ענטוויקלונג פון זיינע לעבענס־אנשויאונגען, וועט מוזען צו געבען, אז דיזע בעהויפּטונג איז דער ריכטיגער אויסדרוק פון די שטרעבונגען, וועלכע געהען יעצט אן צווישען די מאסען.

יא, די ענטוויקלונג פון אונזער צייט פיהרט צום קאָמוניזמוס; ניט צום קאָמוניזמוס פון די מאָנאַסטירען און קאזארמען, נאָר צום פרייען קאָ־מוניזמוס, וועלכער פאדערט דאס רעכט פאר יעדען איינעם זיך פריי צו בענוצען מיט די פראדוקטען פון דער אינדוסטריע און לאנדווירטשאפט, לויט זיינע פערזענליכע בעדירפניסע.

דאס איז די לייזונג, וועלכע געפינט אם מייסטען סימפאטהיע ביי די מאסען, די לייזונג, וועלכע דאס פאלק האָט שטענדיג געפאדערט אין אלע גרויסע עפאכען פון דער מאָדערנער געשיכטע. אין 1848 האָט קיין זאך ניט געפונען אזוי פיעל אנערקענונג ביי די מאסען ווי דער פרינציפ וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין די ווערטער: „יעדער זאל ארבייטען לויט זיינע פעהיגקייטען און געניסען לויט זיינע בעדירפניסע!” און ווען דאס פאלק האָט פראקלאמירט די רעפובליק, דאס אלגעמיינע וואהלרעכט, איז עס גע־זוען דערפאר, ווייל די מאסען האבען געהאפט, אז דורך דעם וועלען זיי ענדליך צוקומען צום קאָמוניזמוס. און אין 1871, וועהרענד דער בעלאגע־רונג אין פאריז, ווען דאס פאלק האָט געמאכט דעם גרויסארטיגען פערזוך צו פערטהיידיגען זיך געגען די עראבערער, וואס איז געוועזן זיין פאדערונג אין יענעם מאָמענט? — די גלייכמעסיגע צוטהיילונג פון די לעבענס מי־טעל!

די פרייע בענוצונג פון די לעבענס־מיטעל, לויט די בעדירפניסע פון יעדען איינעם און די גלייכמעסיגע און ראציאנעלע צוטהיילונג פון אזעלכע פראדוקטען, פון וועלכע עס איז ניט גענוג פאראנען — דאס איז די מעטהאָ־דע ווי דאס פאלק לייזט די פראגע. זי מאניפעסטירט זיך יעדען טאג אין אונזערע דערפער. וואו קענט איהר געפינען א געמיינדע, וועלכע זאל בע־שריינקען די פרייע בענוצונג פון די קאָמונאלע לאנקעס פאר יעדען איינעם אזוי לאנג ווי עס איז פאראנען גענוג גראז? און וואס פאר א געמיינדע וועט ענטזאגען איהרע מיטגלידער צונויפצוקלייבען אזוי פיעל האָלץ צום ברענען ווי זיי ווילען נור אליין, אזוי לאנג ווי עס איז פאראנען גענוג פאר אלעמען? און ווען עס מאכט זיך א מאנגעל אין האלץ צום בויען, וואס ווענדעט דער בויער אן איז אזא פאל? — די גלייכמעסיגע צוטהיילונג פון דעם האָלץ וואס איז פאראנען, צווישען אלע מיטגליעדער פון דער געמיינדע.

דער זעלבער פּרינציפּ — די פרייע בענוצונג פון אלעס, וואס עס איז גענוג פאראנען, און די פּלאנמעסיגע צוטהיילונג פון דאס וועס עס פעהלט אויס, אום צו בעפריעדיגען אלעמענס בעדערפניסע, פערזארגענדיג צוערשט די קינדער, די אלטע און שוואכע — דיזער פּרינציפּ פּראקטיצירט זיך אויף אין דער פאמיליע און צווישען פריינדע. עס איז דער אידעאל פון די מאַסען און מיר טהוען ניט מעהר ווי געבען דיזען אידעאל א בעשטימטע פארם און א קלאהרען אויסדרוק.

* *
*

אבער עס איז ניט גענוג צו זאגען „קאמוניזמוס, עקספּראָפּריאציאן!" מיר דארפען אויך וויסען, ווער עס האָט די אויפגאבע צו פערוואלטען דעם פערמעגען פון דער אלגעמיינהייט, און גראדע דיזע פראגע איז עס, וועלכע טיילט פאנאנדער די סאציאליסטען אין פערשיעדענע ריכטונגען; די איינע ווילען דעם אויטאריטערען קאָמוניזמוס, די אנדערע ד. ה. מיר פאדערען אפען און פריי דעם אנארכיסטישען קאָמוניזמוס.

אום אבצוגעבען א ריכטיגען אורטהייל איבער דיביידע ריכטונגען, איז עס נויטווענדיג נאָך אמאָל צוריק צו קומען צום אנפאנגס־פּונקט פון אונזערע בעטראכטונגען, צו דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן.

צושטערענדיג דעם קעניגליכען אבסאלוטיזמוס, האָט די רעוואלוציאן פּראקלאמירט די סואווערעניטעט, די זעלבסט רעגירונג פון'ם פאלק. אבער זי איז ניט קאָנסעקווענט געווען אין איהרע מיטלען, זי האָט ניט פּראקלאַמירט די שטענדיגע סואווערעניטעט אויף געוויסע געלעגענהייטען, אויף די צייט ווען דאס פאלק, וועהלט אויס זיינע דעפּוטאטען, וועלכע האָבען די אויפגאבע צו פערטרעטען די מאסען. דער רעזולטאט איז געווען א פּראסטע אימיטאציאן פון דעם ענגלישען רעפּרעזענטאטיוו־סיסטעם.

די רעוואלוציאן איז שפּעטער דערטרונקען געווארען אין בלוט, אבער דאס רעפּרעזענטאטיוו סיסטעם, די פּארלאמענטארישע רעגיערונג איז באלד געווארען אן אלגעמיינע ערשיינונג אין אייראפּא, און אלע לענדער פון אייראפּא, מיט דער אויסנאהמע פון רוסלאנד האבען איינגעפיהרט ביי זיך דיזע שטאאטס־פארם אין אלע איהרע פערשידענע פארמען, פון דער

רעגיערונג, וועלכע בעשטימט די צאהל פון איהרע וועהלער דורך די שטייער וועלכע יעדער בעצאהלט, ביז צו דער דירעקטער רעגיערונג פון די קליינע קאנטאנען אין דער שווייץ.

אבער ווי מערקווירדיג עס זאל ניט קלינגען, גראדע דארט, וואו די רעפרעזענטאטיוו רעגיערונג האט געפונען איהר איידעלסטען אויסדרוק, דארט וואו זי גרינדעט זיך פאלשטענדיג אויף דאס אלגעמיינע וואהל רעכט, גראדע דארט האבען מיר ענטדעקט די גרונד־איבלען פון דעם גאנצען סיסטעם. מיר האבען ערקענט, אז ניט די פארם, נאר דער גאנצער פונדא־מענט פון דיזער סארט רעגיערונג איז א פאלשער.

און ווירקליך איז עס ניט די גרעסטע נארישקייט, וואס מען קען זיך פארשטעלען, אויסצוקלייבען פון דער געזעלשאפט א געוויסע צאהל פערזא־נען, זיי אנצוגעטרויען דעם שיקזאל פון אלע עפענטליכע אנגעלעגענהיי־טען, זאגענדיג צו זיי: „בעשעפטיגט איהר זיך מיט דיזע אלע זאכען, מיר גיבען אייך איבער אונזערע בעדירפניסע! אייער אויפגאבע איז, צו מאכען געזעצע פאר אלע אנגעלעגענהייטען; געזעצע וועגען דער מיליטערישער בעוואפונג און וועגען די משוגע׳נע הינד; וועגען דער פאליציייליכער בע־וואכונג און וועגען דעם קעהרען פון קוימענס; וועגען דער עפענטליכער ער־ציהונג און וועגען דעם רייניגען די גאסען. בעזארגט דאס אלעס, בעשטימט עס דורך געזעצע, דען איהר זייט די אויסערוועהלטע פון׳ם פאלק, וועלכעס האט אויסגעפונען, אז איהר זייט גוט פאר אלצדינג!״

איך וויס ניט, וואס צו זאגען איבער אזא מין פארשלאג, נאר עס דוכט זיך מיר, דאס אן ערנסטער מאן וואלט בעדארפט ענטפערען אויף אזא אופן: „בירגער! איהר האט מיר אנגעטרויט א זאך, וועלכע איך בין קיינמאל ניט אימשטאנדע אויסצופיהרען. די מייסטע פראגען, איבער וועל־כע איך זאל מיטהעלפען מאכען געזעצע, זיינען פאר מיר אבסאלוט אונבע־קאנט. אדער איך וואלט בעדארפט האנדלען בלינדערהייט, און איך גלויב ניט, אז דאס וואלט געווען א נוצען פאר אייך; אדער איך וואלט מיך שטענדיג בעדארפט ווענדען צו אייך, פעררופען פערזאמלונגען, אום אויס־צוהערען אייער מיינונג וועגען יעדער בעזונדער פראגע; איהר אליין וואלט אלזא געדארפט טהאן, וואס איהר פאדערט פון מיר, אין פאלגליך וואלט

מיין ראלע געוועזן זעהר אן איבערפליסיגע. אויב איהר האט זיך געמאכט א בעשטימטע מיינונג און האט די מיינונג אייערע קלאהר פארמולירט; און אויב איהר ווילט הערען די אנזיכט פון יענע בירגער, וועלכע האָבען זיך אויך געמאכט א בעשטימטע מיינונג איבער א געוויסע פראגע, דאן איז אם בעסטען, איהר זאלט אויסקלייבען א דעלעגאט, וועלכער זאל זיך דורכ־רעדען מיט אנדערע דעלעגאטען איבער א געוויסע פראגע; נור די ענטשיי־דונג בלייבט פאר אייך אליין. אויף אזא מין ארט דארפט איהר ניט אנ־געטרויען אייער שיקזאל צו געוויסע פּערזאנען, וועלכע האָבען די אויפגאבע צו מאכען פאר אייך געזעצע. אט אזוי האנדלען די געלעהרטע, די וויסענ־שאפטס־מענער ווי אויך די פארשטעהער פון דער מאָדערנער אינדוסטריע, ווען עס האנדעלט זיך אום א פראגע, אין וועלכער אלע זיינען פעראינטע־רעסירט.״

אבער דאס מיינט דאך די אבלייקונג פון דעם פערטרעטונגס־סיסטעם, די אבלייקונג פון דער רעגירונג און פון׳ם שטאאט. גאנץ געוויס! און דיזע אידעע ענטוויקעלט זיך אלס ווייטער און ווייטער, וואס מעהר עס ציי־גען זיך ארויס די איבלען פון דעם רעפּרעזענטאטיוו סיסטעם. מען איז זא־גאר נאָך ווייטער געגאנגען. מען דיסקוטירט היינט איבער די רעכטע פון׳ם שטאאט און פון דער געזעלשאפט אין בעצוג צום אינדיווידיואום. מען פרעגט זיך, אויף וויווייט דער אריינמישען זיך פון׳ם שטאאט אין די טויזענדער און טויזענדער פונקציאנען פון דער געזעלשאפט איז נויטווענדיג אדער ניט.



דארפען מיר צ. ב. ש. דעם שטאאט אום צו ערציהען און צו בילדען אונזערע קינדער? הלואי וואלטען די ארבייטער נאָר געהאט די נייטיגע צייט זיך צו בילדען, און מיר וואלטען באלד געזעהן, ווי עס וואלטען זיך ענטוויקעלט טויזענדער בילדונגס־אינסטיטוציאנען און געזעלשאפטען פון אלע זארטען דורך די פרייע איניציאטיווע פון די עלטערען און די פּערזאנען וועלכע ליעבען די ערציהונג. און יעדע פון דיזע אינסטיטוציאנען וואלט אנגעווענדעט איהרע בעסטע קרעפטען פאר דער ערציהונג, אום אריבער־

צושטייגען די אנדערע. אויב דער שטאט וואלט אונז ניט רואינירט מיט זיינע אבגאבען און דער קאפיטאליסט וואלט ניט אוועקגערויבט פון אונז די פרוכט פון אונזער ארבייט, וואלטען מיר דאן ניט אומשטאנדע געווען אויפצוטהאָן פיעל מעהר אין דיזער בעציהונג, ווי מען האט אויפגעטהאָן ביז יעצט? די גרויסע צענטערס וואלטען גענומען די איניציאטיווע פון׳ם פראגרעס, און געגעבען א ביישפיעל פאר אלע אנדערע; און דער פראגרעס — קיינער צווייפעלט ניט אין דעם — דער פראגרעס, וועלכער וואלט גע־מאכט געווארען אויף אזא מין ארט, וואלט טויזענד־מאָל גלענצענדער און פרוכטבארער געווען, ווי די געזעצליכע בעשטימונגען פון אונזערע מיניס־טארען.

איז דען דער שטאאט זאגאר נויטווענדיג פאר די פערטהיידיגונג פון׳ם לאנד? ווען א באנדע בעוואפענטע באנדיטען זאלען אטאקירען א פרייען פאלק, וואלט דען דאס בעוואפענטע און גוט פאָרבערייטעטע פאלק ניט אליין געווען דער בעסטער שוץ געגען דעם אנגריף פון פרעמדע עראבע־רער? די שטענדיגע ארמעען זיינען אימער געשלאגען געווארען פון די ער־אבערער — די געשיכטע בעווייזט עס — אבער זיי זיינען קיינמאָל ניט פאַרטיג געווארען מיט דעם אויפשטאנד פון א גאנצען פאלק.

דער שטאאט, דיזער אויסגעצייכענטער מעכאניזמוס צו בעשיצען דעם מאָנאָפּאָל פון א קליינע מינאריטעט, איז ער דען אומשטאנדע געווען אונז צו שיצען געגען די אטאקען פון די ווייניגע אינדיווידיאומען, וועלכע מען רופט היינט פערברעכער? האָט ער דען ניט אליין פערגרעסערט און פער־גרעסערט ער ניט שטענדיג די צאָהל פון די פערברעכען דורך די עקזיסטענץ פון דעם סאציאלען עלענד, וועלכעס ער האלט אויף מיט אלע מיטלען? האָט דען דער שטאט געמילדערט דעם איבל דורך זיינע געפענגניסע, פון וועלכע די מענשען, מענער, פרויען, קינדער קומען ארויס שלעכטער און פערדארבע־נער ווי זיי זיינען געווען, ווען מען האָט זיי ארייגעפיהרט? און מיר, זיי־נען מיר דען ניט אליין די אורזאכע פון דער אלגעמיינער גלייכגילטיגקייט און אינדיפערענץ צו די עפענטליכע אנגעלעגענהייטען, מיט דעם וואס מיר געטרויען אָן אונזער שיקזאל, אונזערע אייגענע אנגעלעגענהייטען צו איי־ניגע פערזאנען, וועלכע האבען די אויפגאבע אונז צו רעגיערען?

און פון דער צווייטער זייט, ווען מיר אנאליזירען אלע גרויסע פארט־שריטע פון אונזער עפאכע — אונזער אינטערנאציאנאלען פערקעהר, אונזערע אינדוסטריעלע ערפינדונגען און ענטדעקונגען, אונזערע אויסגעצייכענטע פערבינדונגען — איז דאס אלעס געטהאן געווארען דורך די איניציאטיווע פון׳ם שטאאט אדער דורך די אינדיווידועלע איניציאטיווע פון די איינצעלנע עלעמענטען אין דער געזעלשאפט?

אט האָט איהר צ. ב. ש. דעם אונגעהייערען נעץ פון אייזענבאהנען, וועלכער בעדעקט גאנץ אייראפא. איהר נעהמט אין מאדריד א ביליעט דירעקט נאָך פעטערבורג; איהר פארט איבער א ליניע, וועלכע איז געשאפען געווארען דורך די ארבייט פון מיליאנען ארבייטער פאר עטליכע צוואנציג קאָמפּאניס. אייער צוג ווערט געפיהרט פון שפאנישע, פראנצויזישע, בייערישע און רוסישע לאקאמאטיווען; איהר פערלירט אפילו קיין צוואנציג מינוטען צייט אויף דער רייזע, און די 200 פראנק, וועלכע איהר האָט בעצאהלט אין מאדריד פאר אייער ביליעט, ווערען גלייכמעסיג צוטהיילט ביז אויף׳ן לעצטען גראשען צווישען די פערשידענע קאמפאניס, וועלכע האבען בייגעטראגען צו אייער רייזע.

אט דיזע אונגעהייער גרויסע ליניע צווישען מאדריד און פעטערסבורג איז ענטשטאנען דורך די אלע קליינע צווייג־באהנען, וועלכע האָבען זיך ביסלעכווייז פעראייניגט. די דירעקטע פערבינדונג איז דער רעזולטאט פון א געגענזייטיגער פערשטענדיגונג צווישען עטליכע צוואנציג קאמפאניס. אמת, עס האָט גענומען א לאנגע צייט, איידער דיזע פעראייניגונג האָט זיך רעאליזירט, און דער פאלשער עגאָאיזמוס פון די איינצעלנע קאָמפּאניס איז געווען א גרויסער אבהאלט פאר די געגענזייטיגע פערשטענדיגונג. אבער איך פרעג יעדען איינעם פון אייך, ער זאל אליין ענטשיידען, אויב מיר וואלטען אפילו ניט געהאט דיזע אלע שוויריגקייטען, וואס וואלט געווען, ווען מיר וואלטען זיך דערווארט ביז ערגיץ א ביסמארק, א נאפאלעאן אדער א טשינגיס כאן וואלט עראבערט אייראפא און איינעארדערט די פערבינדונגען פון די אייזענבאהנען? קיין צווייפעל, מיר וואלטען נאָך היינט געדארפט פאהרען מיט פערד און וואגען און ניט מיט קיין אייזענבאהן.

דער נעץ פון אייזענבאהנען וועלכע ציהט זיך אויס איבער גאנץ איי־

ראפּא, איז די ארבייט פון דעם מענשליכען גייסט, ער האָט זיך ענטוויקעלט פון די איינפאכסטע ביז צו די קאמפּליצירטסטע פארמען דורך די ספּאנטאנע קרעפטע פון די געגענזייטיגע אינטערעסען. דאס זעלבע איז געווען דער פאל מיט אלע גרויסע אונטערנעהמונגען פון אונזער יאהרהונדערט אמת, מיר בעצאָהלען טהייער די פּערוואלטער פון דיזע אונטערנעהמונגען; אבער דאס איז גראדע די אורזאכע, ווארום מיר ווילען אבשאפען דעם סיסטעם, וועלכער פערשאפט זיי הויכע פּראצענטען פאר גארנישט; נאָר אבשאפען די פּריוואט פערוואלטונג פון אלע דיזע אונטערנעהמונגען, מיינט נאך ניט, אז מיר זאלען אנגעטרויען די אייזענבאהנען צו אן אייראָפּעאישער רעגירונג.

* *
*

מיר וואלטען נאָך געקענט אנפיהרען טויזענדער און טויזענדער ביי־שפּיעלע פאר די ריכטיגקייט פון דיזער אידעע. נעהמט צ. ב. ש. די גרויסע אונטערנעהמונגען פון אונזער צייט: דעם סועץ־קאנעל, די טראנס־אטלאנ־טישע שיף פאהרט, די טעלעגראפישע פערבינדונג, וועלכע פעראייניגט נאָרד און זיד־אמעריקא. נעהמט די גאנצע קאמערציעלע ארגאניזאציאנען, וועלכע פערזיכערען אייך אז ווען איהר וועט זיך אויפהויבען אין דער פריה, וועט איהר געפינען ברויט פון בעקער — פארויסגעזעצט, אז איהר האָט געלד, און דאס טרעפט ניט יעדען טאג — פלייש ביים קצב און אלעס וואס איהר דארפט אין די מאגאזינען. קיין צווייפעל, אז מיר בעצאהלען היינט אונגעהייערע פּרייזען פאר די קרעמערס און פערמיטלער; אבער דערפאר ווילען מיר דאך אוועקמאכען מיט זיי, נאָר עס וואלט לעכערליך געווען אנצוגרייטען דעם שטאאט די זארגע פאר אונזער נאהרונג, קליידונג און וואוינונג.

ווען מיר קוקען זיך צו אויפמערקזאם צו דער ענטוויקלונג פון'ם מענש־ליכען גייסט אין אונזער עפּאכע, וועלען מיר זיכער איבערראשט ווערען פון די אונצעהלבארע געזעלשאפטען און פעראייניגונגען וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט אין פערלויף פונ'ם 19טען יאהר הונדערט, אום צו בעפרידיגען די טויזענדער און טויזענדער פערשידענע בעדירפניסע פון די מענשען. איר

האט געזעלשאפטען צו שטודירען אלע מעגליכע פראגען, געזעלשאפטען פיר דעם האנדעל, פאר אונטערהאלטונג און פערגניגען; איהר האָט קליינע פעראייניגונגען, וועלכע פראפאגאנדירען די אידעע פון א וועלט־שפראכע אדער א געוויסע מעטהאָדע פון סטענאגראפיע, און איהר האָט געוואלדיגע ארגאניזאציאנען ווי צ. ב. ש. די פעראייניגונג צו פערטהיידיגען די ברעגען פון ענגלאנד און פיעלע אנדערע. אויב מען וואלט דערמאָהנען די נעמען פון די מיליאנען פרייוויליגע פעראייניגונגען אין אלע טהיילען פון אייראפּא, וואלט מען געקענט אנפילען גאנצע בענדער, דען עס גיט ניט קיין צווייג פון מענשליכער טהעטיגקייט, וועלכער געפינט ניט זיין פערטרעטונג צווי־שען אלע דיזע אונצעהלבארע קערפּערשאפטען, וועלכע די פריוואט איניצי־אטיווע האָט בעשאפען. דער שטאאט אליין איז געצוואונגען צו אפּעלירען צו זיי און צו פאדערען זייער הילפע; דען ער איז אפילו ניט אומשטאנדע צו ערפילען זיין וויכטיגסטע אויפגאבע — דעם קריעג אהנע די הילפע פון די פרייוויליגע פעראייניגונגען. „מיר זיינען פעהיג צו ארגאניזירען די מער דערייען, נאָר מיר זיינען ניט פעהיג צו זארגען פאר די אפּפער! דערפאר גרינדעט א בעזונדערע פעראייניגונג — די „רויטע קרייץ ארגאניזאציאן“, שיקט אייערע מיטגליעדער אויף אונזערע שלאכטפעלדער און זארגט פאר די פערוואונדעטע!“ אזוי זאגט דער שטאאט.

* *
*

איהר זעהט אלזא, פריינדע און פריינדינען, אז די טענדענצען און שטרעבונגען פון אונזער צייט זיינען פּונקט אנקעגען די שטרעבונגען און טענדענצען פון דעם אויטאריטערען קאָמוניזמוס, וועלכער פריידיגט די אי־דעע פון אינדוסטריעלע קאזארמען אדער קאמוניסטישע מאנאסטירען. מיר זעהען ווי עס ענטוויקלען זיך מיליאנען און מיליאנען גרופּען דורך די פרייע איניציאטיווע, אום צו בעפריעדיגען די פערשידענסטע בעדירפניסע פון די מענשען, גרופען, וועלכע פארמירען זיך אין א געוויסען הויז; און אזעלכע וואס געבען זיך די הענד אריבער די מויערן פון די שטעדט, אריבער גרע־נעצען און ימים. אלע דיזע גרופּען און פעראייניגונגען זיינען צוזאמענגע־שטעלט פון מענשליכע אינדיווידיאומען, וואס פעראייניגען זיך פרייוויליג,

נאָך דעם ווי זיי האָבען געטהאָן זייער חלק אין דער פּראדוקציאן; זיי פּער־בינדען זיך סיי פאר דער קאָנסומציאן, סיי פאר דער פּראדוקציאן פון לוק־סוס־ארטיקעל אדער פאר צו פיהרען די וויסענשאפט אויף נייע וועגען.

דאס איז די טענדענץ פון אונזער צייט, און מיר אנארכיסטען פאלגען דיזער ריכטונג; דען אלעס וואס מיר ווילען איז די פרייע ענטוויקלונג, וועל־כע זאל ניט געשטערט ווערען דורך די אייזערנע בעשטימונגען און טויטע פארמען פון די רעגיערונגען.

פרייהייט פון'ם אינדיווידואום! אט דאס איז דער ציעל פון אונזער טהעטיגקייט! „נעהמט קיזעלשטיינער" — האָט שארל פוריע געזאגט — לייגט זיי ארייין אין א קעסטעל און שאקעלט זיי גוט פאנאנדער, און איהר וועט ערהאלטען א שעהנערען מאָזאיק־בילד ווי איהר וואלט בעקומען, ווען איהר וואלט אליין פערזוכט צו מאכען א הארמאָנישע צוזאמענשטעלונג!"

איך קום יעצט צום לעצטען פונקט פון מיין פארטראג, דעם וויכטיג־סטען פאר דער צוקונפט. — קיין צווייפעל, די רעליגיעזע פעריאדע אין דער מענשליכער ענטוויקלונג איז שוין אריבער; דאס 19טע יאהר הונדערט האט איהר געגעבען דעם לעצטען טויט קלאפּ. אבער די רעליגיאן, יעדע רע ליגיאן האט א דאפּעלטען כאראקטער. פון איין זייט שטעלט זי פאָר א פּרימיטיווע און וועניג ענטוויקעלטע אויפפאסונג פון דער נאטור; און פון דער צווייטער זייט שטעלט זי ארויס די מאָראלע אידעען און אנשויאונגען, וועלכע זיינען געבארען געוואָרען און האָבען זיך ביסלעכווייז ענטוויקעלט אין דעם שויז פון די פאלקס־מאסען.

אוועקמאכענדיג מיט אלע רעליגיעזע פארשטעלונגען, קוקענדיג אויף דער רעליגיאן ווי אויף א מערקווירדיגע היסטארישע זאך פון דער פערגאנ־גענהייט, מיינט עס אין דערזעלבער צייט אויך אוועקמאכען מיט די מאָרא־לע פּרינציפּען, וועלכע זי שטעלט אונז פאָר אין פערשיעדענע פארמען?

ביז צו א געוויסען גראד האָט מען עס געטהאָן, און א גאנצע גענערא־ציאן, וועלכע האָט זיך אויסגעלאכט פון אלע רעליגיעזע אנשויאונגען האָט אויך אבגעלאכט פון יעדער מאָראל און האָט עפענטליך פּראקלאמירט פאר דער גאנצער וועלט דעם בורזשואזנעם עגאאיזמוס, וועלכער דריקט זיך אויס אין די ווערטער, יעדער פאר זיך אליין!"

אָבער א געזעלשאפט, סיי פון מענשען, סיי פון טהיערע, קען ניט עקזיסטירען אָהנע צו ענטוויקלען אין זיך געוויסע רעגלען, געוויסע מאָראלישע געוואוינהייטען. די רעליגיאן קען פערשווינדען, נאָר די מאראל עקזיסטירט ווייטער — ווען מיר זאלען אזוי ווייט געהן און ערקלעהרען, אז יעדער איינער האָט א רעכט אבצונארען, צו בעטריגען און צו בערויבען זיינע מיטמענשען, ווען ער האָט נאר א געלעגענהייט צו דעם (און דאס איז אייגענטליך די מאראל פון דער בורזשואזיע אויף דעם עקאנאמישען געביעט) וואלטען מיר באלד געקומען צו אזא מין צושטאנד, אז יעדער געזעלשאפטליכער לעבען וואלט געווען א זאך דער אונמעגליכקייט. איהר פערזיכערט מיר צ. ב. ש. אייער פריינדשאפט — אבער פיליכט איז אייער ערקלעהרונג נאר א מיטעל, אום איהר זאלט מיר קענען בעסער בעטריגען? איהר גיט אב דעם פערשפרעכען צו טהאָן א געוויסע זאך — אבער פיליכט טהוט איהר עס נאָר, אום מיך צו בערויבען?

אונטער אזעלכע בעדינגונגען וואלט קיין געזעלשאפט ניט געקענט עקזיסטירען; און יעדער איינער פיהלט אזוי גוט, אז די אבלייקונג פון רעליגיאן מיינט ניט די אבלייקונג פון דער עפענטליכער מאָראל, יעדער איינער וויים, אז טראָץ דעם אונטערגאנג פון רעליגיעזע געדאנקען און פארשטעלונגען האָט די אלגעמיינע מאָראל ניט אויפגעהערט זיך ווייטער צו ענטוויקלען און שטענדיג צו שטרעבען נאָך העכערע ציעלען.

דיזער פאקט איז אזוי אונבעשטרייטבאר, אז די פילאזאפען האָבען פערזוכט איהם צו ערקלעהרען לויט די פרינציפען פון ניצליכקייט. און ניט לאנג צוריק האָט הערבערט ספענסער געמאכט דעם פערזוך צו ערקלעהרען די מאָראל, וועלכע עקזיסטירט צווישען אונז, דורך פיזיאלאגישע אורזאכען אין דעם בעדירפניס צו ערהאלטען די ראסע.

אום איהר זאלט בעסער פערשטעהן אונזערע אייגענע אנשויאונגען איבער דער מאָראל, וועט איהר מיר ערלויבען אנצואווענדען א ביישפיעל: אט האָט איהר א קינד, וועלכעס טרינקט זיך, און פיער מענער שטעהען ביין ברעג טייך און זעהען ווי ער קעמפפט מיט די כוואליעס. איינער פון זיי ריהרט זיך ניט פון ארט — דאָס איז אן אנהיינגער פון דעם פרינציפ: יעדער פאר זיך אליין!", וועלכען דער קרעמער־גייסט פון דער בורזשואזיע

האָט ערפונדען; ער איז א רויער, ברוטאלער מענש און פון איהם איז אי־בערהויפּט ניט דא וואס צו ריידען.

דער צווייטער דענקט אזוי. אויב איך וועל ראטעווען דעם קינד, וועל איך האבען א גרויסע מצוה און גאט וועט מיר בעצאהלען דערפאר דאָ־פּעלט און דרייפאך! דיינקענדיג אזוי, ווארפט ער זיך אריין אין וואסער, אום צו ראטעווען דעם קינד. איז דיזער מאן א מאראלישער מענש? געוויס ניט! ער איז א געשעפטס־מאן, א קרעמער, א שפּעקולאנט, דאס איז אלעס.

דער דריטער, אן אוטילאריסט, ד. ה. אן אנהיינגער פון דער זאגענאנ־טער ניצליכקייט מאָראל, דיינקט אזוי (די אוטילאריסטישע פילאזאפען ווי־לען צום ווייניגסטען, ער זאל דיינקען אזוי): „עס גיט צוויי זארטען פון גענים[ען]: דער געוועהנליכער גענוס און דער העכערער גענוס. צו ראטעווען יענעם פון טויט איז א העכערער גענוס, וועלכער וועט מיר פערשאפען מער פערגניגען פון אלע אנדערע; — לאָמיך אלזא ראטעווען דעם קינד!" צוגע־בענדיג, אז קיין מענש וועט ניט אזוי דיינקען, נאָר נעהמענדיג די געשיכטע פאר א ביישפּיעל, וואלט דיזער מאן געווען א שרעקליכער עגאאיסט? און אויסערדעם זייט איהר קיינמאָל ניט זיכער מיט איהם, דען אין דעם אוי־גענבליק, ווען זיין סאפיסטישער געדאנק וועט איהם זאגען, אז דער גע־וועהנליכער גענוס איז בעסער פון דעם העכערען גענוס, וועט ער זיך רוהיג געהן זיין וועג, און דאס קינד וועט דערטרונקען ווערען.

און אט האָט איהר דעם פערטען מאן: פון קינדרווייז אָן האָט מען איהם געלערענט, אז ער איז איינג פערבונדען מיט דער גאנצער מענשהייט; פון קינדוווייז אָן האָט ער גערדיינקט, אז די מענשען זיינען סאלידאריש איינער צו דעם צווייטען. ער איז געוואהנט צו ליידען, ווען אנדערע ליידען און זיך צו פיהלען גליקליך, ווען אלע אנדערע זיינען גליקליך. ווי באלד ער האָט דערהערט דעם געשריי פון דער מוטער, ווארפט ער זיך אריין אין וואסער, ניט איבערדיינקענדיג קיין זאך, אינסטינקטיוו האנדעלט ער אזוי און רא־טעוועט דאס קינד. און ווען די מוטער וויל איהם דאנקען, ענטפערט ער „ווארום דארפט איהר מיר דאנקען, ליעבע פרוי, איך בין גליקליך, זעהענדיג אז איהר זייט גליקליך! מיין האנדלונג איז געווען גאנץ נאטירליך, איך האָב ניט געקענט האנדלען אנדערש!"

איך דערקען אויף אייערע געזיכטער, ליעבע פריינדע, אז איהר זאגט צו זיך אליין: אט דאס איז דער אמת'ער מאָראלישער מענש, אלע אנדערע זיינען ניט מעהר ווי עגאָאיסטען.

און אט דאס, מיינע פריינדע, איז די גאנצע מאָראל פון די אנארכיס־טען. עס איז די מאָראל פון'ם פאלק, וועלכע ווייסט ניט פון קיין „ווארום?“ און „פאר וואס?“ עס איז די מאָראל, וועלכע ווערט ניט בעשטימט דורך געוויסע פערפליכטונגען אדער געוויסע געזעצע, זאנדערן איינפאך דורך דער געוואוינהייט. לאָמיר שאפען אזעלכע צושטענדע, אז דער מענש זאל מעהר ניט דארפען אבנארען, בעטריגען און בערויבען זיינע מיטמענשען, און דער מאָראלישער צושטאנד פון דער מענשהייט וועט זיין אזא הויכער, אז מיר קענען זיך היינט אפילו ניט מאכען קיין ריכטיגע פארשטעלונג ווע־גען דעם.

ניין, מיינע פריינדע, מען קען דעם מענשען ניט מאָראליזירען דורך טויטע מאָראל־געזעצע אדער א קאטעכיזמוס פון מאָראל. ניט די געריכטע ניט די געפענגניסע זיינען אומשטאנדע צו פערניכטען דאס שלעכטס אויף דער וועלט, פערקעהרט, זיי איבערפלייצען די גאנצע געזעלשאפט מיט דעם; ניין, העלפט בעסער שאפען אזעלכע אומשטענדע, וועלכע זיינען גינסטיג פאר די ענטוויקלונג פון סאציאלע און סאלידארישע אומשטענדע, וועלכע זיינען גינסטיג פאר די עטוויקלונג פון סאציאלע און סאלידארישע געוואוינהייטען, און איהר וועט האָבען א פעסטען פונדאמענט פאר דער מענשליכער מאראל. דאס איז דער איינציגער מיטעל צו מאכען דעם מענ־שען בעסער און מאָראלישער. די ספאנטאנע מאָראל, וועלכע מאכט אונז צו האנדלען אינסטינקטיוו, אט דאס איז די אמת'ע מאָראל, די איינציגע, וועלכע וועט שטענדיג עקזיסטירען, זאגאר דאן, ווען אלע רעליגיאנען און אלע פילאזאפישע סיסטעמען וועלען זיך איבערבייטען און פערשווינדען.

*

* *

יעצט, מיינע פריינד, פעראייניגט דיזע דריי עלעמענטען, פון וועלכע איך האָב גערעדט, און איהר וועט וויסען דעם פלאץ פון דער אנארכיע אין דער סאציאליסטישער ענטוויקלונג:

בעפרייאונג פון די ארבייטער פון דעם קאפיטאליסטישען יאך. געמיינשאפטליכע פראדוקציאן און פרייע קאָנסומציאן פון די פראדוקטען, וועלכע די געמיינשאפטליכע ארבייט האָט בעשאפען.

בעפרייאונג פון דעם רעגירונגס־יאך. פרייע ענטוויקלונג פון די אינ־דיווידיאומען און די מענשליכע גרופירונגען און פון די גרופען אין פעדעראציאנען. פרייע ארגאניזאציאנען פון'ם איינפאכען צום קאמפליצירטען, לויט די בעדירפניסע און די שטרעבונגען פון געגענזייטיגע הילפע.

בעפרייאונג פון דער רעליגיעזער מאָראל. פרייע מאָראל אָהן פערפליכ־טונגען און אָהן געזעצליכע סאנקציאן, א מאָראל, וועלכע ענטוויקעלט זיך פון זיך אליין אויס דעם געזעלשאפטליכען לעבען, און וועלכע ווערט צו־לעצט א טהייל פון אונזערע אלטעגליכע געוואוינהייטען.

דאס איז ניט דער טרוים פון ערגעץ א דיינקער אדער א געלעהרטען. ניין, עס איז די רעדוקציאן, דער רעזולטאט פון דער אנאליזירונג פון די שטרעבונגען און טענדענצען אינער־האלב די מאָדערנע געזעלשאפט. דער קאָמוניסטישער אנארכיזמוס איז די סינטהעזע פון דיביידע פונדאמענטא־לע שטרעבונגען פון אונזער צייט: דער שטרעבען צו עקאָנאָמישער גלייכ־הייט; און דער שטרעבען צו פאליטישער פרייהייט.

אזוי לאנג ווי דער קאָמוניזמוס האָט זיך אויסשליסליך פארגעשטעלט אין זיין אויטאריטערע פארמע, וועלכע פאדערט נויטווענדיגערווייזע א בעוואפענטע רעגירונג, א מאכט, נאָך פיעל שטארקער ווי די וואס עקזיס־טירט היינט, דערפאר וואס ער פערייניגט די פאליטישע מיט דער עקאָנאָ־מישער מאכט, אזוי לאנג האָט דער קאָמוניזמוס ניט געפונען קיין גרויסען אָבקלאנג ביי די מאסען. ער האָט געקענט בעגייסטערן פאר א געוויסען מאָ־מענט די ארבייטער בעפאר 1848, וועלכע האָבען ערווארטעט פון אן אל־מעכטיגען שטאט די בעפרייאונג פון זייער שרעקליכער לאגע; נאָר די אמת'־ע פריינדע פון פרייהייט האָבען קיינמאָל ניט סימפאטאזירט מיט דיזער אידעע. היינט אבער האָט די פאליטישע ערציהונג געמאכט אזא גרויסען פראגרעס, אז די ארבייטער פון די שטעדט בעגייסטערען זיך ניט מעהר פאר דעם רעפרעזענטאטיוו־סיסטעם, ניט פאר דער קאָמונע און ניט פאר דער גאנצער נאציאן.

דער אנארכיסטישער קאָמוניזמוס איז די איינציגע גאראנטיע פאר די וויכטיגסטע עראבערונג פון אלע — די פרייהייט פון דעם אינדיווידיאום. ער זוכט איהר צו געבען א פעסטע גרונדלאגע דורך דער עקאָנאָמישער פריי־הייט, אהן וועלכע עס קען ניט געבען קיין פאליטישע פרייהייט.

דער אנארכיסטישער קאָמוניזמוס פאדערט ניט פון דעם מענשען, נאכדעם ווי ער האט זיך געאפפערט יאהרען טויזענדע לאנג פאר גאט, פארן קעניג, פאר'ן פארלאמענט, ער זאל אפפערען אויף דעם מזבח פון דעם נייען גאט זיין אונאבהייננגיקייט, זיין ווילען, זיין געשמאק און זיך ענטזאגען פון אלצדינג, וואס מאכט דאס לעבען אנגענעהם און שעהן. פערקעהרט, מיר זיינען מיט דער מיינונג, אז די געזעלשאפט וועט קיינמאָל ניט זיין פריי, אזוי לאנג ווי דער אינדיווידיאום וועט ניט זיין פריי, איהר קענט ניט פער־בעסערען די מענשליכע געזעלשאפט מיט דעם וואס איהר אונטערוואָרפט דעם מענשען צו אן אויטאריטעט, וועלכע זאל שאפען א קינסטליכע גלייכ־הייט צווישען די מענשען. דיזער פערזוך וועט און מוז צו גרונדע געהן ווי די פערזוכע פון דעם פאפסט און דעם אבסאלוטיזמוס. — אלעס וואס מיר ווילען איז איבערצובייטען די געזעלשאפט אויף אזא שטייגער, אז איין מענש זאל ניט געצוואונגען זיין צו פערהאסען דעם צווייטען אלס א פיינד זיינעם. פערניכטעט די בעדינגונגען, וועלכע גיבען עטליכע מענשען די מעג ליכקייט אוועקצוּוּיבען די ארבייט פון די אנדערע, און אנשטאט צו ארגא־ניזירען די געזעלשאפט פון אויבען נאך אונטען, פונ'ם צענטער צו דער פע־ריפעריע, גיט איהר בעסער די געלעגענהייט, זי זאל זיך קענען ענטוויקלען פריי און אונאבהייננגינג פון איינפאכע פארמען ביז קאמפליצירטערע דורך די פרייע פעראייניגונג פון פרייע גרופען.

אט דאס איז דער וועג פון דער געזעלשאפטליכער ענטוויקלונג. פער־זוכט ניט צו פערשטעלען דיזען וועג; פערזוכט ניט אבצוהאלטען דעם פראג־רעס, זאנדערן מארשירט בעסער מיט איהם צוזאמען! — נאָר אויף אזא מין ארט וועט איהר ענטוויקלען דעם געפיהל פון סאלידאריטעט און ברידער ליכקייט ביי די מענשען, וועלכע מיר געפינען ביי אלע טהיערע, וואס לע־בען צוזאמען אין געזעלשאפטען; מיט דעם וואס יעדער איינער וועט האָבען די מעגליכקייט זיך פריי צו ענטוויקלען, וועלען די מענשען אויפהערען זיך

צו פערהאסען איינער דעם אנדערען, און מיר וועלען דערגרייכען אזא צו־שטאנד, וואו ליעבע און גענענזייטיגער רעספעקט וועלען זיין דער פונדא־מענט פון דער גאנצער מענשליכער און געזעלשאפטליכער ענטוויקלונג.

דאס איז אונזער אידעאל, עס איז דער אידעאל, וועלכער עקזיסטירט אין די הערצער פון אלע פעלקער. — מיר ווייסען זעהר גוט, אז דיזער אי־דעאל וועט ניט קענען פערווירקליכט ווערען אהן קאמפף און שטרייט. מיר זעהען איבעראל די ענטוויקלונג פון א געוואלדיגער רעוואלוציאן; ניט נאר אין פראנקרייך, דייטשלאנד, שפאניען אדער רוסלאנד, זאנדערן אין גאנץ אייראפא, פונקט ווי אין דער צייט פון אונזערע עלטערן — די העלדען פון 1848.

אבער דער ציעל פון דיזער רעוואלוציאן וועט ניט זיין אן איינפאכער איבערבייט פון דער רעגיערונג; איהר כאראקטער וועט זיין א סאציאלער. עס וועט זיין די איינלייטונג פון דער סאציאלער עקספראפריאציאן; דיזע אומוועלצונג איז אונאבהענגיג פון דעם ווילען פון עטליכע אינדיווידיאומען און אין דעם אויגענבליק, ווען זי וועט זיך צוריהרען צום פריוואט אייגענ־טהום, וועט זי מוזען געהן ווייטער און ווייטער ביז צום קאָמוניזמוס. אבער דער קאָמוניזמוס וועט ניט זיין קיין אויטאריטערער און ניט קיין פארלא־מאנטארישער קאָמוניזמוס. עס וועט זיין דער אנארכיסטישער קאָמוניזמוס. אדער ער וועט איבערהויפט ניט קענען עקזיסטירען. די פאלקס־מאסען דאר־פען מעהר קיין ערלייזער, קיין משיח, זיי וועלען פערזוכען זיך אליין צו העלפען און ארגאניזירען די געזעלשאפט אזוי ווי זיי וועלען פערשטעהן.

ניט דערפאר וייל מיר האָבען זיך איינגערעדט, אז די מענשען זיינען בעסער ווי זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט, ריידען מיר פון קאָמוניזמוס און אנארכיע. אפילו ווען מיר וואלטען געהאט צווישען זיך ריכטיגע מלאכים וואלטען מיר זיי אויך ניט אנגעטרויט אונזער שיקזאל און די אר־גאניזאציאן פון דער געזעלשאפט. ניין, פונקט דערפאר, וואס מיר נעהמען דעם מענשען אזוי ווי ער איז אין דער ווירקליכקייט. רופען מיר אייך צו: „געטרויט קיינעם ניט אן, ער זאל אייך רעגירען! מאנכער מיניסטער וואלט פילייכט געוועזן א גאנץ ארענטליכער מאן, ווען מען וואלט איהם ניט געגע־בען די מאכט אין זיינע הענד. דער איינציגער מיטעל צו שאפען א הארמא־

ניע אין די געזעלשאפטליכע אינטערעסען, איז א צושטאנד אהן עקספּלאָ־
אטאטאָרס און אהן רעגירער!" דערפאר וואס עס גיט ניט קיין מלאכים צווי־
שען די מענשען, זאגען מיר: ארגאניזירט די געזעלשאפט אויף אזא מין
ארט, אז די אינטערעסען פון יעדעם איינעם זאלען זיין די אינטערעסען פון
אלעמען, און איהר האָט ניט וואס מורא צו האָבען פאר די שלעכטע ליידענ־
שאפטען פון די מענשען.

*

* *

דער אנארכיסטישער־ קאָמוניזמוס וועט זיין דער אונפערמיידליכער
רעזולטאט פון די יעצטיגע שטרעבונגען אין דער געזעלשאפט; צו דיזען אי־
דעאל מארשירען מיר צורופענדיג אונזערע מיטמענשען „יא, די אנארכיע
איז א הערליכער אידעאל!"

און ווען די קומענדע רעוואלוציאן זאל אפילו ניט אין גאנצען פערוויר־
קליכען דיזען אידעאל — איין זאך איז זיכער אלעס וואס עס וועט
זיין אין אנקלאנג מיט דיזען אידעאל, יעדען פארשריט, וועלכען זי וועט
מאכען אין דיזער ריכטונג, וועט עקזיסטירען; אלעס אנדערע וועט מוזען
אונטערגעהן פריהער אדער שפּעטער.

דאס איז אן אלגעמיינער רעגעל: א פאלקס רעוואלוציאן קען בעזיעגט
ווערען; אבער איהרע אידעען וועלען טראָץ דעם זיין די אידעען פון דער
שפּעטערער ענטוויקלונג. פראנקרייך איז צולעצט בעזיעגט געווארען אין
1815 פון די פעראייניגטע קעניגע, אבער טראָץ דעם האָט זי געצוואונגען
גאנץ אייראָפּא אבצושאפען די לייבאייגענשאפט און אנצונעהמען דעם פער
טרעטונגס־סיסטעם. דאס אלגעמיינע וואהלרעכט איז דערטרונקען געווארען
אין בלוט, און טראָץ דעם שטעהט דיזער ווארט אויף דער טאגעס־ארדנונג
פון דעם גאנצען פערגאנגענעם יאהרהונדערט. די קאָמונע איז פערניכטעט
געווארען אין 1871 און טראָץ דעם בעשעפטיגט זיך די גאנצע פאליטישע
מיינונג אין פראנקרייך מיט דער פרייער קאָמונע.

און ווען זאגאר דער אנארכיסטישער קאמוניזמוס זאל בעזיעגט ווערען
אין דער קומענדער רעוואלוציאן, וועט ער ניט נאָר פעראורזאכען די אבשאַ־
פונג פון'ם פּריוואט־אייגענטהום; ער וועט ניט נאָר עראבערן דעם ארביי־

טער זיין ריכטיגען פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט און געבען דער אינדוסטרי־עלער און אגראַרישער אריסטאקראַטיע א טויט קלאַפּ, נאָר ער וועט אויך בעאיינפלוסען די גאַנצע געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג פון די שפּעטערע צייטען.

מיט איין וואָרט, דיזע אידעע ענטהאַלט אַלעס דאָס, וואָס די מענש־הייט האָט זיך ביסלעכווייז עראָבערט, דער געפיהל פון גערעכטיגקייט און פרייהייט און די סאָלידאַריטעט, וועלכע איז געוואָרען א בעדערפניס פאַר דעם מענשען. זי גאַראַנטירט די פרייע ענטוויקלונג פון דעם אינדיווידואום און פון דער געזעלשאַפט. און דיזע אידעע וועט און מוז זיעגען.

(ענדע.)



# פאלגענדע צייטונגען און ביכער רעקא-מענדירען מיר צו לעזען

| | |
|---|---|
| די "פרייע ארבייטער שטימע"<br>דער "ארבייטער פריינד" | ערשיינען וועכענטליך |

## ביכער:

| | |
|---|---|
| די "גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציאן"<br>די "געגענזייטיגע הילף"<br>"מעמוארען פון א רעוואלוציאנער"<br>"ברויט און פרייהייט"<br>"ווערטער פון א רעוואלוציאנער"<br>דער שטאאט זיין ראלע אין דער געשיכטע<br>די "אנארכיסטישע פילאזאפיע"<br>די "אנארכיסטישע מאראל" | פון פ. קראפאטקין |
| די "אפשטארבענדע געזעלשאפט" - - - | פון זשאן גראוו |
| דאס "מאדערנע רעכט" - - - - | פון סעבאסטיאן פאר |
| "עוואלוציאן און רעוואלוציאן" - - - | פון עליזע רעקליו |

דיזע ביכער און צייטונגען קענט איהר אויסשרייבען דורך דער גרופע "פרייע געזעלשאפט"

# בעקאנטמאכונג

די גרופּע

# „פרייע געזעלשאפט"

מיטעט אלע צוויי וואכען, איבער א מיטוואך

אין די סאצ. דעמ. קלוב רומס

## 1034 מיין סטריט

די יעניגע וועלכע ווילען ווערען מיטגליעדער
פון דער גרופּע „פרייע געזעלשאפט"
קענען קומען צו אונזערע מיטינגען יואו זיי
וועלען בעקאנט ווערען מיט אונזערע אויפ-
גאבען און טהעטיגקייט.

# פאלגענדע צייטונגען און ביכער רעקאָ-
# מענדירען מיר צו לעזען

---

| | |
|---|---|
| די 'פרייע ארבייטער שטימע'<br>דער 'ארבייטער פריינד' | ערשיינען וועכענטליך |

## ביכער:

| | |
|---|---|
| די 'גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציאן'<br>די 'געגענזייטיגע הילף'<br>'מעמוארען פון א רעוואלוציאנער'<br>'ברויט און פרייהייט'<br>'ווערטער פון א רעוואלוציאנער'<br>דער שטאאט זיין ראלע אין דער געשיכטע<br>די 'אנארכיסטישע פילאזאפיע'<br>די 'אנארכיסטישע מאראל' | פון פ. קראפאטקין |
| די 'אבשטארבענדע געזעלשאפט' - - - - | פון זשאן גראוו |
| דאס 'מאדערנע רעכט' - - - - - | פון סעבאסטיאן פאר |
| 'עוואלוציאן און רעוואלוציאן' - - - | פון עלזע רעקליו |

---

דיזע ביכער און צייטונגען קענט איהר איבערייבען
דורך דער גרופע "פרייע געזעלשאפט"